# שריפטען

פון

# ד. עדעלשטאט

ערשטער טהייל

פערלאג „פראגרעס״, ווארשא.



תרס״ו—1906

№ 40

פרייז 10 קאפ׳

РАЗСКАЗЫ Д. ЭДЕЛЬШТАТА

Изданіе „Прогрессъ," Варшава, 1905 г.

# דֶער קָאנְדוּקְטָאר.

## בְּרוֹיט אוּן עֶהְרֶע.

~~~~~~~~~~~~

עֶדוואַרד ראַבִּין אִיז גֶעווען אַ טראָמווייַ-קאָנדוּקטאָר. עֶר אִיז געוועזן אַ מאַן פוּן אַ יאָהר 30, שֶׁעהן, שטאַרק און גֶעזוּנד. עֶר איז געוועֶן בּעֶלִיעבּט פון זייַנֶע קאַמערַאדען, ווִי אויךְ פוּן דער קאָמפּאַני, בּיי וועלכֶער עֶר אִיז גֶעוועֶן, בּעֶקאַנט אַלס טרייַעֶר אַרבּייִטעֶר און אָרעֶנטלִיכֶער מעֶנש.

עֶדוואַרד ראַבִּין אִיז געוועֶן פּעֶרהייַראַטעט און האָט געהאַט 5 קִינדעֶר. עֶר האָט געלעֶבּט אָרעֶם, ווייַל די געֶהאַלט, וועֶלכֶע עֶר האָט בּעֶקוּמעֶן, איז געוועֶן קוים גענוּג צוּ עֶרהאַלטעֶן אַ זעֶהר בּעֶשׁיידעֶנעֶם לעֶבּעֶן פוּן אַזאַ גרויסעֶ פאַמִילִיעֶ. דאָךְ אַזוֹי לאַנג, ווִי אַלעֶ זעֶנעֶן געווִיעֶן געֶזוּנד; אַזוֹי לאַנג, ווִי זייַן פרוי, מעֶרִי, האָט געקעֶנט מִיט אִיהר שׁוועֶרעֶר אַרבּייִט העֶלפעֶן דעֶם מאַן, אוּם צוּ עֶרהאַלטעֶן דִי אָרעֶמעֶ פאַמִילִיעֶ, אִיז געוועֶן נאָךְ דאָס לעֶבּעֶן ווִי עֶס אִיז עֶרטרעֶגלִיךְ.

עֶס זעֶנעֶן אָבּעֶר געקוּמעֶן שׁוועֶרעֶ צייַטעֶן. דִי קִינדעֶר האָבּעֶן אָנגעֶפאַנגעֶן קראַנק צוּ ווערעֶן, דִי מוּטעֶר זעֶלבּסט האָט אויךְ געֶבּרויכט אַ דאָקטאָר, ווייַל אִיהר געֶזוּנד אִיז געוועֶן אוּנטעֶר-גראָבּעֶן פוּן אוּנעֶרמִידלִיכעֶ אַרבּייַט אוּן שׁלעֶכטעֶ נאַהרוּנג.

דאָס לעֶבּעֶן פוּן אָרעֶמעֶן קאָנדוּקטאָר איז געוואָרעֶן, פוּן צייַט צוּ צייַט, שׁוועֶרעֶר אוּן אוּנעֶרטרעֶגלִיכעֶר. מִיד, צוּ-
~~~~~~~~~~~~

בראָכען פלעגט ער קומען אַהיים פון זײַן אַרבײַט. די קראַנקע קינדער האָבען געװײנט און געשריען. די קראַנקע פרױ, בלאַס און שוואַך, האָט זיך קוים אַרומגעשלעפּט איבער'ן אָרעמען צימער. עס האָט געפעהלט ברויט, עס האָט געפעהלט מעדיצין, — עס האָט געפעהלט געלד. מע האָט איבעראַל שוין געליהען און געבאָרגט. דעם ווירט האָט שוין אויך געקומט פאַר אַמאָנאַט דירע־געלט. זײַן געהאַלט, וועלכע ער האָט געבראַכט איז בּאַלד פערשוואונדען געוואָרען אויף מעדיצין, אויף בעצאָהלען דעם דאָקטאָר. נו, וואָס טהוט מען ווײַטער?

אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט איז געזעסען, שטום און טרויעריג, דער אָרעמער קאָנדוקטאָר אין זײַן אונ־גליקליכען פאַמיליען־נעסט און האָט געטראַכט און געטראַכט איבער זײַן פינסטערען מזל.

פאַר וואָס קומט, דאָס מיר זאָלען אַזוי שרעקליך לײַדען? האָט ער זיך געפרעגט אין זײַנע געדאַנקען. שוין 10 יאָהר זײַט איך דיען בײַ דער קאָמפּאַני איך בין אימער געווען טרײַ און אָרענטליך. די קאָמפּאַניע איז אין דיזע 10 יאָהר געוואָרען אַ סך רײַכער. נור איך ווער אָרעמער, אונגליקליכער פון יאָהר צו יאָהר. וואָס האָב איך פון מײַן אַרבײַט? זיי רופען מיך: אָרענטליכער מאַן, אָבער וואָס קומט מיר אַרויס פון מײַן אָרענטליכקײַט, ווען איך דאַרף לײַדען, פערהונגערען מיט מײַן פרוי און קינדער? די אַנדערע קאָנדוקטאָרס זענען קליגער פון מיר, זיי נאַרען אָב די קאָמפּאַני, אָבער דערפאַר לעבען זיי בעסער פון מיר. זאָל איך אויך אָנפאַנגען צו שווינדלען, ווי זיי? ניין, איך קען דאָס ניט! איך וועל ניט קענען קוקען די קאָמפּאַני אין געזיכט!

שווינדלען? הייסט דאָס דען שווינדלען, צו האָבען אַנ'ער־טרעגליכען לעבען פאַר אַזאַ שווערע אַרבײַט, ווי מײַנע? און דאָך... איך קען דאָס ניט, איך קען דאָס ניט!

ער איז אויפגעשטאַנען, און האָט מיט גרויסע שריט אַרומגעשפּאַנט אַ לאַנגע צײַט אין זײַן פינסטערען צימער. ענדליך איז ער צוגעגאַנגען צו זײַן פרוי, וועלכע איז געזעסען נעבען איהר קראַנקען קינד און האָט געקוקט אויף איהם מיט טרערען.

— מערי! האָט ער געזאָגט, מיר זענען אונגליקליכע מענשען. אָבער דו ווייסט, דאָס איך האָב דיר אימער געליעבט, איך ליעב מיינע קינדער. איך האָב מיך געמיהט צו מאַכען אייך גליקליך, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. מיר מוזען זעהען איבער־טראָגען אַלעס מיט מוט, פילייכט וועט זיך אונזער לאַגע פער־בעסערען.

מערי האָט גאָר ניט געענטפערט. הייסע טרערען האָבען אָנגעפאַנגען זיך צו קייקלען איבער איהרע בלאַסע וואַנגען. אויסגעמאַטערט, צובראָכען איז זי געפאַלען אַויף זיין ברוסט און האָט שטיל געוויינט.

*

* *

עס איז געווען אַ שעהנער זומער טאָג. די גאַסען זענען געווען פול מיט מענשען. עדוואַרד ראַבין איז געשטאַנען אויף דער פלאַטפאָרמע פון זיין טראָמוויי, און בעאָבאַכטעט די גרויסע מענגע פון שפּאַצירגעהער, וועלכע ער האָט בעגעגענט, מיט בלומען און פרעהליכע געזיכטער. איהם האָט זיך געדאַכט, דאָס ער איז דער אונגליקליכסטער מענש אויף דער וועלט.

ער האָט אָפט אָב געשטעלט די טראָמוויי, אום אַרויפצונעהמען פּאַסאַזשירען, וועלכע זענען מייסטען געפאָהרען אין פערשידענע פערגניגענס פּלעצער. שעהנע פרויען, געזונדע, פיין געקליידעטע קינדער האָבען איהם ערינערט אָן זיין קראַנקע פאַמיליע, אָן דעם עוויגען ראַנגלען זיך מיט ביטערער נויט און שווערע קראַנק־הייטען. זיין הערץ האָט געבלוטעט. פּלוצלונג האָט ער דערזעהן שטעהענדיג נעבען דעם וואָגען עפּעס אַ בלאַסע זעהר בעקאַנטע פיגור איינגעוויקעלט אין אַ שאַל. ער האָט אויפגעציטערט און אָבגעשטעלט דעם טראָמוויי. דאָס איז געווען זיין פרוי.

— מערי! האָט ער אויסגערופען, וואָס איז געשעהן? זי איז געווען בלאַסער ווי אימער און זי האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס.

— עדוואַרד! עלאַ איז זעהר קראַנק. איך האָב גערופען דעם דאָקטאָר, אָבער ער וויל ניט שרייבען קיין רעצעפט, ביז איך וועל איהם ניט בעצאָהלען. אויך אויף מעדיצין האָב איך קיין גראָשען.

— אָבער מערי, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב קיין געלד, האָט געענטפערט דער אָרעמער פאָטער, און ער האָט געפיהלט, ווי עטוואָס דריקט איהם אונטערעגליך אין זיין ברוסט. ער האָט שווער געליטען.

— עדוואַרד! האָט זי איהם שטיל, דאָך ליידענשאַפטליך געפליסטערט, מיר מוזען רעטען דאָס קינד. איך האָב ניט, וואו צו בארגען. דו מוזט זיך ענטשליסען, אין נאָמען פון דיין קינד, פון דיין עלאַ!

— מערי, דאָס איז אונמעגליך, אונמעגליך! האָט עדוואַרד אויסגערופען מיט אַ פייערינער שטימע. געה אַהיים, פיליייכט קענסטו ערגעץ וואו בארגען. בעט דעם דאָקטאָר, ער זאָל דיר אויסהעלפען. מערי, ווי קענסטו פון מיר אַזוינס פערלאַנגען?

אין זיין שטימע האָבען געקלונגען טרערען און ביטערע פערצווייפלונג, די אָרעמע פרוי האָט מיט איהר טאַשענטוך פערדעקט דאָס קראַנקע, בלאַסע געזיכט. איהר ברוסט האָט שווער געאַטהעמט. גיפטיגע שמערצען האָבען געמאַרטערט איהר צובראָכענעם הערץ.

— עדוואַרד, האָט זי צו איהם ווידער געזאָגט. דו מוזט זיך ענטשליסען, איך קען דאָ לאַנג ניט שטעהן. איך זאָג דיר, דאָס מיר האָבען קיין גראָשען. מיר האָבען קיין ברויט פאַר די געזונדע און קיין מעדיצין פאַר די קראַנקע קינדער. קיינער וויל אונז מעהר ניט בארגען. זאָל איך געהן בעטלען, פערקויפען זיך? איך קען דאָס ניט, עדוואַרד, איך קען ניט!

קאַלט, פינסטער ווי אַ שטורם וואָלקען, איז געשטאַנען עדוואַרד נעבען זיין אָרעמער פרוי. אין זיין ברוסט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכער קאַמפף, אין איהם האָבען זיך גע־ראַנגעלט די פאָדערונגען פון זיין לעבען מיט די פאָדערונגען פון

זײַן מאָראַל, פון זײַן אָרענטליכקײט, וועלכע איז געווען דער אײנ־ציגער רײַכטהום פון זײַן עקזיסטענץ.

„זאָל איך ווערען אַ גנב, און געבען איהר געלד, וועלכע געהערט דער קאָמפּאַניע? אָדער בלײַבען אַן אָרענטליכער מאַן, און אויפּאָפּפערן מײַן קראַנקעס קינד, מײַן עלאַ, וועלכע איך ליעב בעסער פון מײַן לעבען?" יעדער אָפּפער איז געווען גרויס. יעדער שריט איז שווער און פיהרט צו אַ שרעקליכען אָבגרונד.

עס איז פאַרבײַגעגאַנגען אַ פּאָר מינוטען פון שווערען שווײַגען. ענדליך האָט עדוואַרד אַ ציה געגעבען דעם סיגנאַל־גלאָק און האָט אָפּגעשטעלט דעם טראָמוויי.

— מערי! האָט ער געזאָגט ענטשלאָסען, געה אַהײם, וואָס וועט זײַן, דאָס וועט זײַן!

מערי איז געשטאַנען אונבעוועגליך אויף דער פּלאַטפאָרם, גראַדע, ווי זי וואָלט ניט געהערט זײַנע ווערטער.

— מערי! האָט ער נאָך אַ מאָל אויסגערופען אין פער־צווייפלונג. זי האָט איהם רוהיג אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע, שוואַרצע אויגען.

— עדוואַרד! איך געה ניט אַהײם, ביז איך האָב ניט די מיטלען צו רעטען מײַן קינד.

— אָבער עס איז אונמעגליך, איך האָב קײן געלד.

— דו האָסט געלד, דו מוזט רעטען דײַן קינד!

— מערי, געה אַראָב פון טראָמוויי, זאָג איך דיר! האָט ער אויסגעשריען.

דער קוטשער האָט זיך אומגעקוקט אויף זײ. מערי האָט מיט איהר בלאַסער האַנד געגעבען אַ ציה דעם סיגנאַל־גלאָק: דער טראָמוויי זאָל געהן ווײַטער און איז געבליבען, ווי פריהער שטעהן געבען איהר עדוואַרד.

זײ האָבען בײדע געשוויגען אַ ווײַלע.

דער קאָנדוקטאָר האָט געלאָזט פאַלען זײַן קאָפּ אויף'ן ברוסט. זײַן געזיכט איז געווען פערצויגען מיט אַ פינסטערען וואָלקען.

ער האָט געקעמפפט מיט זיך. ער האָט געליטען און פערפלוכט דעם טאָג, אין וועלכען ער איז געבאָרען.

— מיין קינד, מיין עלאַ! האָט ער געמורמעלט שטילערהייד.

— זיין האַנד האָט ווי מעכאַניש זיך אַרונטערגעלאָזט אין זיין קעשעניע, זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. דער טראָמוויי איז שנעל געלאָפען. אויף דער פּלאַטפּאָרמע איז געווען נור ער און זיין פרוי. דער קוטשער איז געשטאַנען צו זיי מיט'ן רוקען. ער האָט אַרויסגעשלעפּט זיין האַנד פול מיט זילבערנע מטבעות. האָט עס שנעל איבערגעגעבען צו מערי און האָט געגעבען אַ שלעפּ דעם סיגנאַל-גלאָק, דער טראָמוויי האָט זיך געשטעלט, מערי איז אַרונטער פון טראָמוויי.

עדוואַרד האָט פערמאַכט זיינע אויגען, פּונקט ווי אַ שרעקליכע געשטאַלט וואָלט געשטאַנען פאַר איהם. ווען ער איז געקומען צו זיך, איז שוין זיין פרוי פאַרשוואונדען. ער האָט געגעבען אַ טיפען זיפץ, אָבגעווישט דעם קאַלטען שוויים פון זיין בלאַסען שטערען און איז אַריין אין וואַגאָן.

פילע נייע פּאַסאַזשירען האָבען פערנומען פּלעצער. ער האָט אָנגעפאַנגען צו זאַמלען פון זיי דאָס געלד. ביי יעדען מאָל געלט נעמען האָט ער געדריקט דעם רעגיסטער, וועלכער האָט הויך געקלונגען, *) עס איז געבליבען 10 אָדער 12 פּאַסאַזשירען, וועלכע האָבען נאָך ניט בעצאָלט. עדוואַרד האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַ ווייַלע. עס איז איהם צום ערשטען מאָל, אין 10 יאָהר פון זיין אַרבייט, געקומען אויף די געדאַנקען, אַז ער מוז יעצט זעהן אַ מיטעל זיך צו רעכטפערטיגען פאַר דער קאָמפּאַניע; דאָס גאַנצע געלד ניט רעגיסטערען, אום צו קענען דעקען די סומע, וועלכע ער האָט געגעבען זיין אונגליקליכער פרוי.

ער האָט ניט געוואוסט גענוי, וויפיעל געלד ער האָט

*) אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ איז ניט איינגעפיהרט, אַז דער קאָנדוקטאָר זאָהל געבען באַלעטען פיר דאָס געלט. וואָס ער בעקומט פון די פּאַסאַזשירען אין טראָמוויי פיר'ן פאָהרען נור ער קלינגט אָפּ אין אַ רעגיסטער און דער רעגיסטער צייגט פיעל געלט ער האָט פיר'ן טאָג צוזאַמען געבראַכט.

איהר געגעבען; אָבער עס איז געווען יעדענפאלס ניט מעהר ווי א דאָלאַר. ער האָט געהאַט אין האַנד שוין געלט פיר 20 פּאַסאַזשירען. ווען ער וועט יעצט רעגיסטערן נור 10, וועט ער שוין האָבען האַלב פון דאָס געלד, און שפּעטער ווידער דאָס זעלבע, אַזוי וועט ער זיך רעטען און קיינער וועט ניט וויסען פון זיין פערברעכען.

צעהן מאָל האָט הויך דער רעגיסטער דורכגעקלונגען, אין יעדען קלאַנג פון רעגיסטער האָט זיך דעם אָרעמען קאָנדוקטאָר געהערט דער שאַנדגלאָק פון זיין פערברעכען. פּונקט ווי מען וואָלט געקלונגען נאָך זיין בעגראָבענער עהרע, וועלכע ער האָט בעוואַכט פון זיין קינדהייט אָן, אין פאַר וועלכע ער האָט אַזוי פיעל געקעמפפט און געליטען אין זיין לעבען.

זיין הערץ האָט אונרוהיג געקלאַפּט. ער איז אַרוים אויף דער פּלאַטפאָרם, זיינע הענד האָבען נאָך געציטערט, גראַדע ווי ער וואָלט בעגאַנגען אַ מאָרד. אין דיזער מינוט איז צו איהם צוגעגאַנגען אַ פרוי געקליידעט אין שוואַרצען, איהר געזיכט איז געווען בלאַס און קאַלט.

שטעל אָפּ די טראָמוויי! האָט זי זיך צו איהם געווענדעט.

עדוואַרד האָט געוואָרפען אַ בליק אויף זיין פּאַסאַזשיר און איז געוואָרען בלאַס ווי דער טויט. ער האָט דערקענט דיזע פרוי... דאָס איז געווען אַ שפּיאָן, אַ טראָמוויי שפּיאָן, וועלכע די קאָמפּאַני האַלט, אום זיי זאָלען בעאָבאַכטען די קאָנדוקטערס, זיי זאָלען רעגיסטערען ריכטיג דאָס געלד, זיי זאָלען חס וְחָלִילָה ניט אַראָפּ נעהמען אויף אַ ברויט פאַר זייערע פרויען און קינדער.

„זי האָט אַלעס געזעהן!" איז דורך געפלויגען אין די געדאַנקען פון דעם אָרעמען קאָנדוקטאָר. ער האָט שאַרף אָנגעקוקט דעם שפּיאָן, וועלכע איז רוהיג געשטאַנען פאַר איהם.

„יאַ, זי וייס אַלעס, איך זעה דאָס אין איהרע אויגען!" האָט ער ווייטער געטראַכט מיט פערצווייפלונג.

— מאַדאַם! האָט ער ענדליך אויסגערופען מיט אַ ציטערענדע שטימע. מ'זכט מיר ניט אונגליקליך: איך האָב אַ פרוי

און קינדער.׳ זיי האָבען קיין ברויט, מיין עלאַ שטאַרבט אָהן מעדעצין, מאַדאַם, רואינירט ניט מיין לעבען! שוין צעהן יאָהר, ווי איך דיען דער קאָמפּאַני. איך שווער אייך, אַז דאָס איז דאָס ערסטע מאָל אין מיין לעבען.

ער האָט געכאַפּט איהרע הענד, און האָט זיי געדריקט, און געקוקט בעטענדיג אין איהרע קאַלטע אויגען.

— מאַדאַם, רעטעט מיין עהרע, איך שווער אייך, איך בין אַנ׳אָרענטליכער מאַן! מאַדאַם, האָט מיטלייד! איך וועל דאָס ניט איבערטראָגען!

זי האָט איהם רוהיג אויסגעהערט.

— איך האָב מיט אייך מיטלייד, האָט זי ענדליך געזאָגט, אָבער איך קען אייך ניט העלפען, איך מוז טהאָן מיין פליכט. איהר ווילט ברויט, איך וויל אויך ברויט. ווען איך זאָל ניט טהאָן דאָס, פאַר וואָס מען בעצאָלט מיר, פערליר איך מיין ברויט. איך מוז עס באַלד רעפּאָרטען דער קאָמפּאַני.

עדוואַרד האָט אויף איהר אַ וואָרף געטאָן אַ שרעקליכען בליק פון האַס, פון ביטערע פערצווייפלונג.

— שפּיאָן, שלאַנג! האָט ער אויסגערופען מיט אַ הייזעריגער שטימע. יאַ, איך בין אַ דיעב, אַ גנב, איך האָב גע׳גנב׳עט ברויט פאַר מיין פרוי, מעדיצין פאַר מיינע קראַנקע קינדער. געה, זאָג דאָס דער קאָמפּאַני! זאָג דער גאַנצער וועלט, דאָס איך בין אַ גנב, אַ פאַרברעכער.

דער שפּיאָן איז אַרונטערגעשפּרונגען פון טראָמוויי.

— וואַרט, איך וועל דיר ווייזען, וואָס פאַר אַ שלאַנג איך בין! האָט זי אויסגערופען, און איז פערשוואונדען אין דער גרויסער גאַס.

*

* *

די זומער נאַכט האָט צושפּרייט איהרע שטערן פליגעל. דער זילבערנער מאָנד האָט רוהיג געשיינט אויף זיין בלויען טראָהן.

עדוואַרד האָט שוין לאַנג געענדיגט זיין אַרבייטסטאָג. ער האָט איבער־געגעבען זיין טראַמוויי דעם נאַכטקאָנדוקטאָר, אָבער אָנשטאָט, ווי געוועהנליך גלייך געהן אַהיים צו זיין פרוי און קינדער, האָט ער שטיל געוואַנדערט דורך די שטילע, פינסטערע גאַסען. זיין קאָפּ האָט געברענט, ווי אין אַ שרעקליכען פיבער; זיין ברוסט איז געוועזען צוזאַמענגעדריקט פון שווערען טרויער און פורכט פאַר זיין שרעקליכען שיקזאַל.

— מאָרגען וועט עס די גאַנצע וועלט וויסען! האָט ער מיט ביטערקייט געטראַכט: עדוואַרד ראַבין איז אַ גנב! די קאָמפּאַני וועט מיט שאַנד מיך אַרויסטרייבען... וואָס וועל איך טהאָן? וואוהין וועל איך געהן? ווי אַזוי וועל איך קוקען דער וועלט אין געזיכט? ווי אַזוי וועל איך קענען פאַרדינען ברויט פאַר מיין פרוי און קינדער? אָה, ווי שרעקליך! ווען מערי וואָלט אָבער מיר געפאָלגט און אַוועק אַהיים? אַך, דאַן וואָלט אַלעס געוועזען ווי פריהער!... דאָך וואָס רעד איך?... איז דאָס איהר שולד? דאָס קינד! דיזע גאָלד־לאָקיגע עלאַ איז נעבעך געלעגען קראַנק פערשמאַכט; זי האָט קיין גראָשען ניט געהאַט צו רעטען דאָס קינד... וואָס האָט זי געזאָלט טהאָן? ניין, זי האָט קיין שולד! ווען ניט זי... ווער האָט די שולד? איך? 10 יאָהר האָב איך זיך געראַנגעלט מיט נויט; איך האָב געדענקט, דאָס איך וועל קענען דורכקעמפּפען מיין לעבען, אָבער ניין! עס איז געוועזען אַלעס אומזיסט! אַלע מיינע ליידען, אַלע מיינע ערנידעריגונגען, מיין שווערע אונערמידליכע אַרבייט — אַלעס איז יעצט פערלאָרען, אַלעס געגאַנגען צו גרונד. וואו איז מיין עהרע? וואו איז מיין פריעדען? עס ברענט אין מיין האַרצען אַ העליש־פייער. מיין פרוי! מיינע אָרעמע קינדער! איהר זייט פערפאַלען, פערפאַלען!

ער איז געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער, דריקענדיג די ציטערנדע הענד צום קאָפּ, גראַדע ווי ער וואָלט געוואָלט דערשטיקען די פינסטערע געדאַנקען, וואָס האָבען זיך דאָרט אַרומגעטראָגען, ווי שוואַרצע וואָלקען. ענדליך איז ער געקומען צום הודזאָן ריווער, און איז געבליבען שטעהן פאַר דעם זילבערנעם

טײַך, װעלכער איז געװען בעגאָסען מיט די שטראַהלען פון דער שײַנענדער לבנה.

איבעראַל האָט געהערשט אַ טיפע שטילקײט. פון צײַט צו צײַט האָבען שױן װײַסע זעגלען דורכגעשניטען דעם זילבערנעם שפּיגעל פון שלומערענדען טײַך.

— דאָס זעגעלט אװעק מײַן יוגענד, מײַן לעבען, מײַן עהרע! האָט עדוואַרד שטיל געמורמעלט, בליקענדיג פאַרטראַכט אויף אַ שיפעל, װעלכע איז, װי אַ װײַסער פויגעל, דורכגעלאָפען פאַרבײַ איהם.

— נײַן! פאַר מיר איז מעהר קײַן פּלאַץ אויף דיזער װעלט. איך האָב געװאָלט לעבען, ליעבען מײַן פרוי, מײַנע קינדער, זײַן עהרליך, מענשליך, אָבער מען האָט מיך ניט געלאָזט. מען האָט מיך געשטיקט, געמאַרטערט, געשטופּט אין אָבגרונד! װאָס טויג מיר יעצט מײַן לעבען? בעטלען? זעהן, װי מען קערט זיך אָפּ פון מיר, װי פון אַ גנב? הערען, װי מען זאָגט אויף מײַנע קינדער: דאָס זענען די קינדער פון דעם גנב? אויף מײַן פרוי: דאָס איז דעם גנב'ס פרוי? נײַן! איך קען ניט. איך קען ניט זיך צװינגען צו אַזאַ שרעקליכען לעבען.

גענוג זיך געמאַטערט, געראַנגעלט זיך מיט דער ביטערער נויט. אַדיעו, אָרעמע מערי! אַדיעו מײַנע קינדער! אָרעמע אונגליקליכע קינדער! איך װעל אײַך ניט זעהן מעהר, איך קען מעהר ניט איבערטרעטען דעם שװעל פון אײַער אונגליקליכער הײם. אײַער פאָטער איז פעראורטהײַלט צום טויט. זײַן עהרע, זײַן לעבען האָט מען בערויבט פון איהם! . . .

עדוואַרד האָט אַ שפּרונג געטהאָן אין טײַך און איז באַלד פערשװאונדען געװאָרען צװישען די קאַלטע װעלען.

ניט װײַט פון זײַן בלויען קבֿר האָט זיך שטאָלץ ערהויבען די סטאַטוע פון דער אַמעריקאַנער פרײַהײַטס־געטין און האָט מיט איהר פאַקעל בעלײַכט די װעלט פון קײַטען, פון טרערען, פון זעלבסטמאָרד, פון די שרעקליכסטע פערברעכען געגען דער לײדענדער מענשהײַט!

---

# די

# באַמערקע.*)

— אַ באַמערקע! אַ באַמערקע! האָבען געשריען פאַרשמירטע האַלב נאַקעטע קינדער, וועלכע פאַרברענגען זייערע יאָהרען אויף די גאַסען פון נויאָרק.

זיי האָבען זיך אַלע אַ שאָט געגעבען צום הויז, נעבען וועלכער עס איז געשטאַנען אַ וויַיס גרויע פרוי, מיט אַ געלען צוקנייטשטען געזיכט. שמוציגע טראַנטעס האָבען זיך נאָכגעשלעפט פון איהרע קליידער. האַלב בייז, האַלב ערשראָקען האָט זי געקוקט אויף די קינדער און האָט זיי געוואָלט אַוועקיאָגען פון זיך.

די קינדער האָבען זי געשלעפט פאַר איהרע צעררייסענע קליידער, האָבען געלאַכט, און געוואָרפען אין איהר שמוץ און שטיינער. די אונגליקליכע האָט ניט געקענט בייקומען איהרע פיינד און איז מאַכטלאָז געפאַלען אויף די טרעפ.

עס האָט זיך דערהערט אַ הערצרייסענדער געוויין. דאָס האָט געוויינט די באַמערקע. די האָבען זיך פערוואונדערט איבערגעקוקט. זיי האָבען זיך נעוואונדערט, דאָס אויך אַ באַמערקע קען פיהלען איהרע ליידען, דאָס אויך אַ באַמערקע קען וויינען און זענען פערשוואונדען.

*) אַ גאַסען־פרוי.

די הײמלאָזע האָט אויפגעהובען איהר גרויען קאָפּ. א שטראַהל פון צופרידענהײט האָט אויף אַ רגע בעלײַכט איהר אַלטעס פערװיינטעס געזיכט. — זײ זענען אַ װעק! האָט זי זיך געמורמעלט. יעצט װעל איך קענען אײנשלאָפען. זי האָט אָנגעשפּאַרט אָן די אײזערנע גראַטעס פון אַ קעלער, װעלכער איז יעצט געװען פוסט, האָט געשלאָסען איהרע פערשװאָלענע אויגען און איז אײנגעשלאָפען.

מיר לעזען מיט אינטערעס די טרוימען און חלומות פון גרויסע שרײַבער און דיכטער, װאַרום זאָלען מיר ניט אַמאָל אויך אויסהערען דעם טרוים פון אַ באַמערקע?

אמת, אַ באַמערקע פערנעמט דעם נידעריגסטען צװײַג פון אונזער געזעלשאַפטליכען בוים. זי איז זעהר ניט אַנשטענדיג געקלײדעט. זי פעראַכטעט מאָדע און עטיקעט. זי שלאָפט אָפטמאָל אויפ'ן גאַס, אונטער שנײ אָדער רעגען. זי הונגערט. זי װערט געקלאַפּט פון מאַן. זי װערט אַרויסגעװאָרפען, װי אַ הונד פון יעדער אַנשטענדיגער הויז, אוב זי װאַגט אַרײַנגעהן אַהין צו בעטען אַ שטיקעל ברויט, אַן אַנשטענדיגער יונגער מאַן, װעלכער הויבט אויף עלעגאַנט דאָס טאַשענטיכעל פון זײַן דאַמע, װעט זיך ניט אָנבויגען אויפהויבען דעם קראַנקען קערפער פון אַ באַמערקע, װעלכע פאַלט אין גאַס הונגעריג און פערשמאַכט.

אָבער אויך אַ באַמערקע איז אַ מענשליכעס װעזען. אויך זי האָט אַ לעבענסגעשיכטע, װעלכע איז אויך די געשיכטע פון אונזער געזעלשאַפטליכער מאָראַל. אויך אַ באַמערקע קען האַסען און ליבען, בענשען און פלוכען. אונטער די טראַנטעס פון אַ הײמלאָזער באַמערקע קען שלאָגען אַזאַ עדעל װאַרעם האַרץ, װי אונטער דעם זײַדענעם קאָרסעט פון אַנ'אַנשטענדיגער װעלט דאַמע. װאַרום דען ניט אויסהערען דעם טרוים פון אַ באַמערקע? װאָרום זיך ניט פערטראַכטען איבער די בילדער פון איהר פערגאַנגענהײט?

זי טרוימט: זי איז נאָך אַ קלײנעס, אונשולדיגעס קינד.

— עלאַ! עלאַ: דער אָנבײַסען איז שוין פערטיג! זי דערקענט די שטימע פון איהר מוטער, אַ געפיהל פון זיסע פרײד

צוגיסט זיך איבער איהרע אַלע גלידער. אָבער זי לויפט ניט באלד צו איהר מוטער. די גרינע ווייַנטרויבען, וואס האבען זיך רייך פונאַנדערגעוואַקסען אין זייער קליינעם גאָרטען, ציהען צו זיך, ווי מאַגנעט; זי קען זיך פון זיי ניט אָברייסען. די מוטער זוכט איהר אַרום, ביז זי געפינט איהר שעהנע עלאַ. איהרע בלאָנדע זיידענע לאָקען זענען געווען איבערגעפלאָכטען מיט די גרינע צווייַגען פון די, מיט וויין שפּראָצענדע ווייַנטרויבען — און בעדעקען איהר גראַציעזעס קעפּעל, ווי אַ פּערעל־קראַנץ. די מוטער נעהמט איהר אָן פאַר'ן הענטעל און זיי געהן בײַדע אין שטוב אַריין.

—דער צימער איז גרויס און ליכטיג, ביי'ם טיש זיצט דער פאָטער, ער נעהמט זיין עלאַ אויף זיינע קניע, ער דריקט איהר צום האַרצען און בעדעקט איהרע ליליען־וואַנגען מיט הייסע קושען, ער האָט זי ליעב מעהר ווי זיין לעבען! זי איז זיין איינציגער טרייסט אין זיין שווערען לעבענסוועג. די מוטער דערלאַנגט דאָס עסען. איהרע אויגען שטראַהלען מיט גליק. עלאַ זיצט צווישען זיי מיט איהרע זיידענע לאָקען און בלויע אויגען, ווי אַ שטילער ענגעל פון אונשולד און פרידען.

אַ צווייטעס בילד.

עלאַ לויפט פון שולע מיט איהרע ביכער, בלייַשטיפטען און העפטען. איהרע וואַנגען ברענען מיט אַ ראָזאָווע פייער. די אויגען בליצען מיט פרייד, די לאָקען זענען צעוואָרפען איבער די קיילעכדיגע שולטער.

— מאַמאַ! מאַמאַ! זעה: וואָס איך האָב געבראַכט!

עלאַ האָט בעקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל פאַר איהר גוטען סטודיום. די מוטער איז אויסער זיך פון פרייד. דער פאָטער קושט איהר מיט טרערען אין די אויגען. — עלאַ! עלאַ! ווי וואָלט איך געלעבט אָהן דיר אויף דער וועלט? וואָס וואָלט מיר געבען מוט אַלעס איבערצוטראָגען?

עלאַ קוקט מיט ליעבע אויף איהר אָרעמען פאָטער און דריקט זיך צו שטאַרקער צו איהם.

*

* *

אויך דיזעם בילד איז פערשוואונדען. עלא איז שוין א גרויסע. דער פאטער איז טויט. די אלטינקע מוטער איז דער איינציגער פריינד, וועלכען עלא האט אויף דער וועלט, עלא ארבייט אין א גרויסען מאגאזין, זי פערקויפט וואארע, אלע האבען איהר זעהר ליעב. איהר שעהנהייט ציהט צו א סך קונדען. עס איז 9 אוהר אבענדס. עלא קומט פון איהר ארבייט. זי איז היינט בלאס און פערוויינט. זי נעהמט ארום שטארק איהר מוטער. טרערען קייקלען זיך פון איהרע שעהנע, דונקעל-בלויע אויגען.

— עלא, וואס איז דיר?

— מוטער, דער עלטערער געשעפטס פיהרער פערפאלגט מיך. ער האט זיך מיר ערקלערט אין ליעבע, און זאגט, אויב איך וועל איהם ניט ליעבען, וועט ער מיך אומברענגען.

— עלא, מיין קינד, זיי רוהיג! ער קען דיר גאר ניט טהאן! דערצעהל דעםווירט, ער וועט איהם שוין מאכען שווייגען.

— מוטער! דער געשעפטס פיהרער איז זעהר אנפער־טרויט ביים ווירט; ער וועט ניט גלויבען און וועט מיך אוועק־שיקען, וואס וועלען מיר טהאן? ווער ווייס, אויב איך געפין אזוי שנעל אנייעם פלאץ?

די אלטינקע שוויגט, און בענעצט מיט טרערען די שעהנע בלאנדע לאקען פון איהר איינציגעס קינד, עלא זיצט בלאס און פערטראכט. איהר הערץ איז אונרוהיג; זי פיהלט, אז א ביטערער שטורם וועט אויסברעכען אין איהר לעבען.

עס געהען פאריבער עטליכע טעג,

— מוטער! מוטער! איך בין אונגליקליך!

עלא לויפט אריין אין שטוב בלאס, ווי דער טויט, נאך איהר געהט נאך א פאליצמאן.

— עֶלאַ, מײַן קינד, וואָס איז געשעהן? די אַלטע האַלט זיך קוים אויף די פיס פון שרעק.

— מוטער! זײ זאָגען, איך בין אַ גנב'טע! דער אופזעהער האָט געהאַלטען זײַן וואָרט: ער האָט אַרײַנגעלײגט אַ שטיק זײַד אין מײַן האַנד בײַטעל און האָט געזאָגט, אַז איך האָב עס גע־גנב'עט. מוטער, זײ ווילען מיר אײנשפּאַרען אין טורמע. אָה! איך וועל שטאַרבען פון שאַנדע!

— עֶלאַ, מײַן קינד, זײ רוהיג! שרײַט די אָרעמע מוטער מיט אַ ציטערנדע טרערען שטימע. זײ קענען דיר גאָר ניט טהאָן, דו ביסט אונשולדיג; יעדער אײנער קען דאָס זעהן. איך, די גאַנצע וועלט ווּעט עס שווערען! נײן, עס איז אונ־מעגליך צו בעשולדיגען דיך, מײַן ענגעל, אין אַזאַ פערברעכען!

מוטער און טאָכטער פאַלען אײנע דער אַנדערע אין די אָרעמס און װײנען.

קומט! אײער װײנען וועט ניט העלפען! מורמעלט דער אָרדנונגס־בעוואַכער. דער סוד ווּעט שוין אויסגעפינען, אויב דו ביסט אונשולדיג.

*

* *

עס איז אַוועק אַ האַלב יאָהר.

עֶלאַ, קומט נאָר וואָס אַרויס פון קערקער, וואו זי איז אָבגעזעסען פאַר דער גנבה, וועלכע איז פאַבריצירט געוואָרען פון דעם אויפגערײצטען געשעפטס פיהרער. איהר מוטער איז פון צרות קראַנק און האַלב וואַהנזיניג. זי ליעגט אין אַ דונקעלן צימער. אַ שכן האַלט איהר פון רחמנות. עֶלאַ פאַנגט אָן זוכען אַ נײַע בעשעפטיגונג. עס געהט אַ וועק אַ וואָך, אַ צווײטע, זי קען קײן אַרבײט ניט געפינען. אין די מאַגאַזינען איז זי בעקאַנט אַלס אַ גנב'טע. קײן אַנדער אַרבײט ווײס זי ניט. דערווײַל מוז מען לעבען. מען מוז האָבען געלד. די מוטער דאַרף אַ דאָקטאָר, אַנ'אַנדער וואָהנונג. אין האָספּיטאַל וויל זי ניט געהן. „זײ

וועלען מיר דאָרט ערמאָרדען, ווי זיי האָבען ערמאָרדעט מיין עלאַ!" שרייט די האַלב וואַהנזיניגע, און קוקט אויף יעדען, ווי אויף אַ מערדער פון איהר טייערע גלאַ.

נאָך אַ מאָנאַט איז פאַריבער. קיין אַרבייט איז נאָך אַלץ ניטאָ, די עטליכע קליידלעך, וואָס עלאַ האָט געהאַט זענען אַלע אַוועק אין לאָמבאַרד, אין שטוב איז קאַלט. קיין ברויט, קיין קוילען, קיין שטיקעל ליכט צו בעלייכטען די אָרעמע וואָהנונג. עלאַ וואַרפט אויף זיך אַרויף איהר מאַנטעל און געהט אין גאַס. זי האָט זיך דערמאָנט, דאָס זי האָט נאָך אָ חבר'טע, וועלכע האָט מיט איהר צוזאַמען געאַרבייט אין מאַגאַזין און האָט געוואוסט, דאָס זי איז אונשולדיג. פיליי‍כט וועט זי מיר עפּעס באָרגען.

עלאַ איז שנעל דורכגעלאָפען אַ פּאָר פינסטערע גאַסען און האָט אָנגעקלאַפּט צו איהר חבר'טע.

— זי איז ניטאָ! אַוועק אויף אַ באַל! איז געווען די אַנטוואָרט.

עלאַ האָט אַרונטערגעלאָזען איהר קאָפּ און איז טרויעריג אַוועק וויי‍טער.

עס איז שוין 11 אוהר נאַכט. די גאַז-לאַנטערען בעלייכטען דונקעל די שמוציגע גאַסען פון נויאָרק.

עלאַ וואַנדערט שטיל דורך די גאַסען. וואוהין זי געהט, קען זי זיך זעלבסט ניט אָבגעבען קיין רעכנונג. זי געהט, וואוהין עס איז, אַבי נור ניט אין דעם קאַלטען, שמוציגען צימער, וואו עס ליגט יעצט איהר קראַנקע, וואַהנזיניגע מוטער.

ווי אַזוי קען זי איהר העלפען? וואו נעהמט מען די מיטלען צו ערלייכטערען איהרע שרעקליכע ליידען?

טרערן האָבען איהר געשטיקט. איהר עלענד, איהר נויט, איהר אונגליקליכע מוטער — אַלעס האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ גיפטיגען העלעשען פייער, וועלכער האָט פערצעהרט איהר האַרץ און געדריקט מיט שאַרפע אייזערנע צוואַנגען איהר גאַנצעס וועזען. זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ גרויסע געביידע און האָט ביטער געוויינט.

— יונגע פריילין, וואָס איז געשעהן? האָט זי דערהערט געבען זיך אַ מענערשטימע.

זי האָט אויפגעהויבען איהר קאָפּ. לעבען איהר איז געשטאַנען אַ רייך געקליידעטער יונגער מאַן אין אַ זיידענעם צילינדער, מיט אַ ציגאַר אין מויל. איהר ערסטער געדאַנק איז געוועזן: אַנטלויפען! אָבער טאַקע באַלד האָט אין איהר קאָפּ דורכגעבליצט אַנ'אַנדער פּלאַן: זי וועט איהם בעטען, ער זאָל איהר געבען עטוואָס געלד, מיט וועלכע זי וועט קענען רעטען איהר מוטער און זיך זעלבסט. וואָס קען זי זיך העלפען? זי מוז בעטלען, קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ.

— העלפט מיר! איהר זייט, זעה איך, רייך, מיין מוטער איז זעהר קראַנק, איך קען קיין אַרבייט ניט געפינען... האָט זי אָנגעפאַנגען אָבשטעלענדיג זיך אויף יעדען וואָרט און ווערענדיג באַלד בלאַס, באַלד רויט אין געזיכט.

דער רייכער יונגער מאַן האָט זיך גוט איינגעקוקט אין איהר געזיכט און איז געבליבען שטעהן, ווי פערוואונדערט. איהר שענהייט, איהר נאַאיוויטעט, איהר אונשולד, וועלכע האָט געשטראַהלט פון איהר יעדען געזיכטסצוג, פון איהר יעדע בעוועגונג, האָט איהם ווי בעצויבערט. ער האָט ערוואַרטעט צו בעגעגענען איינע פון די נאַכטפויגעל, מיט וועלכע ער איז געוועזן זעהר בעקאַנט, און האָט ערשטוינט געפינענדיג אַזאַ ריינעם וואונדערשעהנעם פערל אין די שמוציגע גאַסען פון נויאָרק.

— וואו וואוינט איהר? פון וואַנען קומט איהר? האָט ער שטיל געפרעגט.

זי האָט איהם דערצעהלט איהר לעבענסגעשיכטע און ער האָט איהר בעגלייט אַהיים. ער האָט בעטראַכט איהר קראַנקע מוטער. האָט איבערגעלאָזען עטליכע דאָלאַר און האָט צוגעזאָגט קומען מאָרגען ווידער.

יעדען טאָג פלעגט ער בעזוכען די שעהנע עלאַ. זיי האָבען איבערגעצויגען אין אַ שעהנע וואוינונג. דאָך די אַלטינקע מוטער האָט זיך ניט געקענט ערהאָלען פון איהר קראַנקהייט און איז אין גיכען געשטאָרבען.

עלאַ האָט געליעבט איהר איינציגען פריינד און רעטער. ער פלעגט איהר פערשאַפען די בעסטע פערגניגען, און זייער לעבען איז געווען די ערסטע צייט זעהר גליקליך.

אָבער פלוצלונג איז ער פערשוואונדען. עלאַ איז געבליבען אליין. זיינע פריינד האָבען איהר געזאָגט, דאָס ער איז מיט אַן אנדער פרוי אַוועק נאָך אייראָפּאַ. עלאַ האָט געהאַט אַ קינד. די נויט האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו קלאַפּען אין טהיר.

וואָס זאָל זי טהאָן ווייטער? עלענד, אָרעם מיט אַ קינד אויף די הענד, פעראַכטעט פון דער מאָראַלישער געזעלשאַפט אַלס אַן אונמאָראַלישע פרוי, וואו זאָל זי געהן? צו וועמען זאָל זי זיך ווענדען.

עס איז איהר געבליבען נור איין מיטעל, נור איין אויסגאַנג. זי איז געווען נאָך יונג און שעהן. וויסטלינגע האָבען געקלאַפּט אין איהרע טהירען. זי וועט אָנפאַנגען צו האַנדלען מיט איהר שענהייט.

מיט פלוך, מיט האַס, מיט ברענענדען צאָרען האָט זי זיך אָבגעגעבען דעם שענדליכען האַנדעל. איהר געוויסען פלעגט איהר ניט געבען קיין רוה. איהר שענדליכער לעבען איז אימער געשטאַנען פאַר איהרע אויגען, זי פלעגט הערען די ציטערנדע שטימע פון איהר טויטע מוטער: עלאַ, וואָס האָסטו געטהאָן? עלאַ דיין שאַנד ברענט, ווי אַ העלעשער פייער אין מיין קבר און לאָזט מיר ניט רוהען!

אום צו פערטויבען אין זיך די גיפטיגע שטימע פון איהר קראַנקעם געוויסען האָט זי אָנגעהויבען צו טרינקען. זי האָט געטרונקען ביי טאָג און ביי נאַכט. איהר דינסט פלעגט איהר אָפט געפינען אויף'ן פאָדלאָגע בעטרונקען מיט אַ פערשוואָלענעם געזיכט.

— וואו זענען זיי? פלעגט זי פרעגען מיט אַ הייזעריגער שטימע. וואָרום קויפען זיי מיר ניט קיין וויין?

אין איין יאָהר איז זי געוואָרען אַלט און גרוי.

די מענער האָבען געוויכט פון איהר.

— וואָס אַנטלויפט איהר פון מיר? פלעגט זי שרייען מיט

אַ ביטערען שמייכעל. איהר אַליין האָט צוטרעטען די בלום און יעצט שפּייט איהר אויף איהם!

*
* *

— הוי, שלעפּ זיך! די באַמערקע האָט דערפּיהלט, ווי אַ שווערע האַנד דריקט איהר שולטער. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט. נעגען איהר איז געשטאַנען אַ גרויסער פּאָליציימאַן. זי האָט זיך מיט שרעק אויפגעהובען און איז שנעל אַוועק ווייטער.

קוקענדיג אויף דיזע קלעגליכע פיגור איינגעוויקעלט אין שמוציגע טראַנטעס, — ווער וואָלט געגלויבט, אַז ערסט מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק איז דאָס געוועזען אַ צאַרטעס, אונשולדיגעס קינד, אַ וואונדערשעהנע עלאַ, אַ רייצענדע בלום, וועלכע האָט געבליהט אויף דער ברוסט פון איהר טרייער מוטער? ווער וואָלט געגלויבט, אַז אויך דיזע שמוציגע באַמערקע האָט אַ מאָל געשיינט, ווי אַ פריהלינגס-זון, געליעבט און געטרוימט פון אַ העהרליכער צוקונפט?

וויפיל אַזעלכע געפאַלענע, צוטראָטענע „עלאַס” בלאָנדזשען אַרום אין די גאַסען פון ניוארק. געשענדעט פון יעדען אויסוואורף דער מענשהייט, פערוואָרפען מיט שמוץ און שטיינער פון דער „יונגער אַמעריקאַ”, געשלאָגען פון די בעוואַכער פון געזעץ און אָרדנונג?

און וויפיל יונגע קינדער מיט לאָקען, ווייך ווי זייד מיט וואַנגען, פריש ווי ראָזען, וועלכע לויפען נאָך פּאָרלויפיג אין שולע און שיינען מיט זייער נאַאיוויטעט און אונשולד, ערוואַרטעט דער שיקזאַל פון אַ עלאַ, דער שרעקליכער גורל פון אַ נויאָרקער באַמערקע!

דאָך גענוג! איך וויל דיך ניט, לעזער, בעלעסטיגען מעהר מיט אַזאַ נידעריגע פערזאָן, ווי אַ „באַמערקע”, איך וויל דיר נור בעטען, ווען דו געהסט דורך די גאַסען און בעגעגענסט אַ „באַמערקע”, וואַרף אויף איהר קיין שטיינער, דענק פון דער „עלאַ” און פרעג: ווער האָט די שולד?

